מ. י. חאַימאָוויטש

# ארטור שניצלער

אָפּהאַנדלונג

## 1.

צווישען דער גרופע דייטשע מאָדערנע שרייבער אין עסט־
רייך, וואָס האָבען זיך אין דעם לעצטען העלפט פון אונזער יאָהר־
הונדערט אויסגעצייכענט אויפ'ן געביט פון דער שעהנער ליטע־
ראטור, פארנעמט איינעם פון די אָנגעזעהענסטע פלעצער, —
אַרטהור שניצלער.

שניצלער באַלאַנגט צו יענער קאַטעגאָריע שריפטשטעלער,
אויף וועלכע עס איז שווער באַשטימט אָנצואווייזען צו וואָס
פאַר אַ ליטעראַרישע שולע אָדער ריכטונג זיי באַלאַנגען. אר־
בערלייענדיג שניצלער'ן איז שווער אויף איהם צו זאָגען, אַז
ער באַלאַנגט צו דער נעאָראָמאַנטישער שולע, אָדער צו דער רעאַ־
ליסטישער, און אפשר גאָר צו דער אימפּרעסיאָניסטישער. און
ס'וועט צו באַשטימען, צו וואָס פאַר אַ ריכטונג, און שולע ער באַ־
לאַנגט, איז גאָר דערפאַר, ווייל, אויסער דעם וואָס ער איז אַ באַ־
דייטענדער שריפטשטעלער פון אויסערגעוועהנליכער באַגאַ־
בונג, באַזיצט ער נאָך אויך געשמאַק און ער ווייס, אַז אויב אַ ווערק
געווינט פיעל פון דעם, וואָס אין איהם ווערט אָפּגעשפּיגעלט די
ריינע פערזענליכע און קינסטלערישע באַציהונג צו אַלע לעבענס
ערשיינונגען און פאָרמען, פאַרלירט דאָס ווערק אָבער אויך זעהר
פיעל, ווען עס ווערט גלייך אויף איהם ארויפגעלעגט אַ געוויסער
שטעמפּעל, פון אַ וועלכער עס איז ריכטונג.

שניצלער איז גאַנץ. און ער באַקומט זיין אמת'ע גע־
שטאַלט און פיזיאָנאָמיע, ווען מען לייענט איהם איבער אין גאַנ־
צען. און דעמאָלט ערשט איז שווער צו באַשטימען צו וואָס פאַר
אַ שולע ער געהערט. און דערפאַר וואָס איז שווער צו באַשטי־
מען צו וועלכער גרופּע פון שרייבער ער באַלאַנגט, געווינט ער

## א. שניצלער

זעהר פיעל אין דער מאָס, ווי ער וואָלט פיעל פארלאָרען פון זיין קינסטלערישע גאַנצקייט און עכטקייט, ווען מען וואָלט אויף איהם מיט זיכערהייט געקענט זאָגען: שניצלער איז א נעאָראָמאַנטיקער, שניצלער איז א רעאַליסט, שניצלער איז א סימבאָליסט.

עס זיינען דאָ שרייבער, וואָס דער הינטער־גרונד פון זייער שאַפען איז איינפארביג: א גרויער, א שוואַרצער, — אָבער אַלץ אין איין טאָן. עס זיינען דאָ, פאַרקערט, שרייבער, וואָס דער הינטער־גרונד אויף וועלכען עס ווערט געוועבט זייערע געשאַפענע בילדער, איז א צוזאַמענמיש פון פיעלע פאַרבען, וועלכע האָבען די איינגעשאַפט מיט דעם, וואָס זיי זיינען אין א געוויסער אָרדנונג אַראַנזשירט, זיך צו שפּיעלען און בייטען פאַרבען קעגען דער זון.

אויב מען קען אין שניצלער'ס ווערק געפינען א באַשטימטען לייט־מאָטיוו, ווייזט עס אָבער ניט, אז שניצלער איז א שרייבער, וועלכער האָט א באַשטימטען גרונד־פאַרב. יע, שניצלער האָט כאַראַקטער און איז גאַנץ אָפט אויך איינגעשפּאַרט, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער אויך ווייך און נאָכגעביג, און עס בייטען זיך זיינע געמיט־שטימונגען, ווי עס בייטען זיך די פאַרבען אויפ'ן הימעל ווען די זון פאַרגעהט.

ווייל אויך דאָס גאַנצע לעבען איז א פאַרבען־שפּיעל, געשפּיעלט געגען דער ליכט און וואַרימקייט פון דער זון. און אזוי אויך איז די מענשליכע איינדרוקספאַלע און נאָכגעבינע נשמה, — און אזוי אויך איז דער דיכטער.

שניצלער איז ניט טיעף. אָבער עס קען זיין, אז טיעפקייט אין אונזער יאָהרהונדערט, וואו אַלעמענס אויגען זיינען געריכטעט אין דער הויך, איז גאָר קיין טוגענד ניט.

אונזער יאָהרהונדערט, דער דעמאָקראַטישער יאָהרהונדערט פון דראָטהלאָזע טעלעגראַפען און עראָפּלאַנען, האָט אָפּגעשאַפט

## א. שניצלער

אלע בערג, ווי אויך אלע טיעפקייטען. ער האט אלץ פארפלאכט און אויסגעגלייכט.

און וואלט ווירקליך ניט געווען קאמיש אין אונזער דעמאָ־קראַטישען צייט־אַלטער, וועלכער האט שוין אזא גרויסען בית־עולם פון טיעפע און גרויסע גייסטער, צו זיצען אין ? קאמ־פאניע פון פעדער־לייכטע גייסטער און האלב עמאנציפירטע דאַמען פון דער דעמאָקראַטישער וועלט און ריידען מיט זיי פון טיעפקייטען ?!

די קעניגרייך פון דעם אלוועלטליכען בירגער. די לופט באַהערשט פון עראָפּלאנען. דער לייכטער באגריף פון אלע עטישע און פילאָזאָפישע פראגען און די איבערגעטריבענע ליעבע פאר געמיטליכקייט און קליינע, ווארימע, האלב־קריסטליכע באַ־קוועמליכקייטען — דאס איז אונזער סאלאָן, וואו עס שוועבט א קינסטליכע לופט, וואו די מענשען פארשווענדען זייערע טעג און נעכט און ריידען מיט א פעדער־לייכטען געוויסען וועגען ליעבע, וועגען שטערען און וועגען הימלען.

פון די אלע דייטשע שרייבער אין עסטרייך, צייכענט זיך שניצלער אויס אלס מאָדערנער דראַמאַטורג און ערצעהלער, מיט דעם, וואס ער ווייכט אויס אלע שארפע דראַמאַטישע עפעקטען, און איז אין גאנצען איבערגעגעבען צו שאפען א לירישע שטי־מונג, וואס דאס גיט זיך אוהם אמעהרסטען אויך איין.

שניצלער איז געבאָרען געוואָרען אין וויען אין 1862. זיין פאַטער איז געווען ארצט און האָט זיין זוהן, ארטהור, געווידמעט צו דער פּראָפעסיע.

צו דריי און צוואַנציג יאָהר האָט שניצלער געקראָגען זיין דיפּלאָם. און ער האָט דערנאָך צוויי יאָהר פּראַקטיצירט אין א האָספּיטאַל. נאָכדעם ווי ער איז ארוים פון האָספּיטאַל האָט ער באַקומען א שטעלע אַלס אסיסטענט אין פּאָליקליניק, און אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט אַלגעמיינער פּראַקטיק אין וויען.

וואַרשיינליך האָט זיך דער יונגער דאָקטאָר נאָך פריהער פאַרנומען מיט ליטעראַטור. אבער דעם אָנהייב פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט קען מען רעכענען דעם יאָהר 1893, ווען עס איז צום ערשטען מאָל ערשינען זיינע זיבען קורצע איינאַקטערס, פאַראייניגט אונטער דעם אַלגעמיינעם טיטעל „אַנאַטאָל". באַלד נאָכדעם זיינען פון איהם ערשינען צוויי דראַמען „ליבעליי" און „פרייווילד". אין 1895 האָט ער ארויסגעלאָזען אַן ערצעהלונג מיט'ן נאָמען „שטערבען", נאָך וועלכער עס האָבען גלייך נאָכגעפאָלגט א רייהע ערצעהלונגען, ווי „בלומען", „איין אבשיעד", „די פרוי דעס ווייזען", „דער עהרען־טאָג", „די טאָדטע שווייגען", „דער בלינדער געראָנימאָ און זיין ברודער", און „די גריכישע טענצערין". מיט פיער יאָהר שפּעטער איז ערשיענען שניצלער'ס בעסטע און כאַראַקטערישע טרילאָגיע „דער גרינע קאַקאַדו" אין דער פאָרמע פון דריי איינאַקטערס, וואו עס ווערט אין די דריי באַזונדערע איינאַקטער, (וואָס יעדער אקט באַזונדער האָט צו טאָן מיט אַן אַנדער עפּאָכע), אויסגעדריקט און אָפּגעשפּי־

## א. שניצלער

געלט אויף א זעהר אריגינעלען שטייגער די גרונד שטימונגען פון זיין גאנצער באציהונג צום לעבען און מענשען.

דערנאך זיינען ערשיענען זיינע דריי גרויסע דראמען: „דער שלייער דער בעטריס", „דער איינזאמע וועג", „דער רוף דעס לעבענס". שפעטער איז ערשיענען זיין טעטראלאגיע „לע־בענדיגע שטונדען" „מאריאנעטען". אויסער דראמען האט שניצלער אויך פארטגעזעצט צו שרייבען ערצעהלונגען אין 1900 איז ערשיענען „לייטענאנט גוסטל", און דערנאך „פרוי בערטא גארלאן". אין 1908 איז ארויס זיין בארימטער ראמאן „דער וועג אינס פרייע".

שניצלער האט אין זיין שריפטשטעלערשער קאריערע ניט דורכגעמאכט קיינע ליטעראַרישע שולען און ריכטונגען. זיין פארגעקומענער וועג איז געווען א גלייכער, איבער וועלכען ער איז כמעט רוהיג און געלאסען, געגאנגען, ניט ארומקוקענדיג זיך אין די זייטען וואו נייע שטרעמונגען אין דער ליטעראטור האבען ווי צוג־ווינטען געבלאזען פון אלע זייטען.

אין אלגעמיין זיינען די דייטשע שרייבער פון עסטרייך גע־גאנגען זייער באשטימטען וועג. עס האט אמאל געמאכט א פאר־זוך וואסערמאן, צו דיכטען אויף שטארקע עקזאטישע טעמען. זיינע דריי ערצעהלונגען „שוועסטער" שמעקען מיט דער זודיג־קייט און פיעטעט פון „ווילע דע ליל אדאן", באטש פון ריין קינסטלערישען און פאעטישען שטאנדפונקט שטייען זיי פיעל אריבער „ווילע דע ליל אדאנס" ערצעהלונגען. אבער וואסער־מאן האט זיך באלד פון די פרעמדע איינפלוסען אפגעטרייסעלט און ער האט זיך אליין געפונען.

האפמאנסטאל, מיט זיין פארליעבע צו דער אנטיקער וועלט, האט זיך פון אנהייב גערא‌נגעלט מיט דעם קלאסיציזם, וועלכען ער האט אם ענדע באהערשט אויף אזוי פיעל, אז שרייבענדיג אויף אנטיקע און שטארקע ראמאנטישע טעמען, איז ער פונ־דעסטוועגען געבליבען מאדערן, דורכזיכטיג און טריי צו זיך.

# א. שניצלער

דער איינציגער הערמאן באהר האט זיך זעהר אפט געבי־
טען און איז געבליבען אהן א באשטימטער פיזיאנאמיע.

פעטער אלטענבערג, דער אייגענטימליכער וויענער און
אריגינעלער פעטער אלטענבערג, איז א קלאס פאר זיך אליין.
און עס איז שווער, זעהר שווער איהם מיט אימיצען צו־צו־פאסען.

און אזוי ווי אויף פעטער אלטענבערגען, אזוי אויך אויף
שניצלערן, קען מען באשטימט אנווייזען, אז ער איז ניט אונ־
טערוואָרפען געוואָרען דעם איינפלוס פון וועלכען עס איז מייס־
טער אדער ליטעראַרישע שולע. און שניצלער קען וועגען זיך
מיט פולער זיכערהייט זאגען : איך בין שניצלער. און אויב עס
איז ניט מעגליך אז איך זאל ווערען א צווייטער טאלסטאי, וויל
איך אבער ניט זיין קיין צווייטער מאפאסאן. — אבער שניצלער
וועל איך אייביג בלייבען.

שניצלער האט אנגעהויבען צו שרייבען אין די נייינציגער
יאהרען. און ער האט זיך ערצויגען און געלעבט אין דער צייט,
ווען די אידעען אין דער ליטעראטור פון דעם נייינצעהנטען יאהר־
הונדערט האבען זיך שארף אפגעדרוקט אויף דעם גייסטיגען לע־
בען פון יאהרהונדערט. ער איז אלס רייפער מאן און שרייבער,
געשטאנען אויפ'ן שוועל פון דער איבערגאנגס פעריאָדע, וואו איין
יאהרהונדערט האט זיך פארענדיגט און עס האט זיך אנגעהויבען
א נייער יאהרהונדערט.

און די לופט און צייט פון אזא גרויסען איבערגאנג ווירקט
זעהר פיעל אויפ'ן גייסט און געמיט פונם קינסטלער, גלייך ווי
עס ווירקען זעהר שארף אלע יאהר־צייט ענדערונגען אויפ'ן דיכ־
טער'ס נשמה.

דער איבערגאנג פון איין יאהרהונדערט צום צווייטען, איז
דאסזעלבע, וואס איבערקרייצען דעם עקוואטאר. מען דערפיהלט
מיט אמאל גאר אנ'אנדער לופט. יעדער יאהרהונדערט לייגט
א שיכטע, א פאלד אויפ'ן גייסטיגען לויף פון מענשליכען לע־
בען, און ווי מיט א ווייסען קרייד צייכענט ער א שארפע ליניע

## א. שניצלער

ארום דער קולטור זאמלונג פון מענשליכען שעפפערישען גייסט.

פול און רייך איז געוועזן דער מיטען און דאס ענדע פון דעם פארגאנגענעם יאהרהונדערט אין דער ליטעראטור געשיכטע.

אין אנהייב פון דעם פארגאנגענעם יאהרהונדערט האט מיט אמאל באהערשט די ליטעראטור פון אלע לענדער דער ווייכער, מעלאנכאלישער פעסימיזם פון בייראן, לעאפארדי און לענוי. אין דער זעלבער צייט האט דער דייטשער ראמאנטיזם, דער טורגענדהאפטער, זיסליכער און סענטימענטאלער, גענומען פארשפרייטען ווארצלען. דערנאך האט אין דער ליטעראטור גענומען הערשען די פראנצויזיש ראמאנטישע שולע, מיט א מעהר געלייטערטען ראמאנטיזם, אבער דערפאר מעהר איבערגעטריבענעם און מעהר הערואישען. אין דער זעלבער צייט האט אבער דער פראנצויזישער ראמאנטיזם געאטעמט מיט פיינקייט, ווערדע און גרויסמוט.

דערנאך זיינען געקומען די רעאליסטען, ווי פלאבער, די ברידער גאנקור, נאכגעפאלגט פון א נאך מעהר פינקטליכער און אויספיהרליכער, מעהר ענטבלויזטער מעטאדע אין דער ליטעראטור. — נאטוראליסטען, האבען זיי זיך גערופען.

פאריז איז געוועזן דער צענטער, וואו ליטערארישע שולען זיינען איבער נאכט געבארען און פארלארען געגאנגען. פאעטען מיט עקזאטישע ניגונגען און אידעען זיינען ארויפגעשוואומען אויף דער ראמאנטישער אויבערפלעכע, וואו לאמארטין, טעאפיל גאטיע, אלפרעד דע'וויניע, סילי פרודאם, אלפרעד דע מיוסע און איבערהויפט וויקטאר הוגא, האבען געשפרייט זייערע קעניגליכע ווייסע זעגלען.

און זיינען זיי אנגעקומען די יונגע דיכטער אונטער א נייעה פאהן!

אויף דעם זעלבען ים פון ראמאנטיזם, וואו עס האבען זיך באפעסטיגט די וואוילגעבארענע גייסטער און פארשטעהער פון דאס איידעלע, ערהאבענעס און גראנדיעזעס, זיינען ארוים־

# א. שניצלער

נעשוואומען גייסטער, וועלכע האבען מיט יוגענדליכער אראגאנץ און מאיעסטעטישע זשעסטען געוואלט אויף טויט פארורטיילען די אלטע פרומע, גוטע און זיסליכע פארשטעהער פון ראמאנטיזם.

באדלער, א שארפער און אויסגעשפראכענער רעאליסט, וואס האט פיינט געהאט בלומען, שטערען און הימעל, און וועלכער האט פאראכטעט ביז צום עקעל יענע ניט אויפריכטיגע אנגעבלאזענקייט,-וואס איז פול אין דער פאעזיע פון די יעניגע, פאר וועלכע אלץ אין דער וועלט איז שעהן, זיס און גלאט. ער האט געהאט א קרענקליכע פארליעבע צו אלץ, וואס איז גראטעסק און צוגעפוילט. „נעקראפיל“, האבען איהם פיעלע אנגערופען.

נאך באדלערען זיינען זיי אין די צעהנדליגע אנגעקומען, ווי שוואמען נאך א רעגען. דער אלגעמיינער נאמען פאר די אלע יונגע פאעטען איז צו יענער צייט געוועזען „דעקאדענטען“; אבער זיי, די פאעטען אליין, וועלכע האבען דערפון ניט געוואוסט, האבען זיך צעברעקעלט אין פארשידענע קרייזען, ווי הידראפאטען, סימבאליסטען, נעא־ראמאנטיקער, נעא־קאטאליקער, מאגיער און אימפערסיאניסטען.

עס זיינען דעמאלט ארויסגעשוואומען אזעלכע אויסגעצייכענטע דיכטער און שריפטשטעלער ווי ווערליין, רעמבא, מעלארמע, וויליע דע' ליל אדאן, דע'ארעוויל, זשאן מאראס, הואיסמאן, פאלאדען, לאפארג און רענע היל.

דער קאנצערט האט זיך אנגעהויבען. די טענער און מאטיווען האבען זיך פארשפרייט איבער דער גאנצער גייסטיגער און ליטערארישער וועלט, וועלכע איז מיט דעם גייסט אנגעשטעקט געווארען.

אין אלע לענדער און אין אלע ליטעראטורען האט זיך שטארק געפיהלט די ווירקונג פון די פראנצויזישע דיכטער און שריפטשטעלער פון דער ספעציעלער עפאכע, — און מערקווירדיג:

וויניגער פון אלעמען זיינען באריהרט געווארען פון דעם אנפליה פון נייקייט, די עסטרייכישע שרייבער, דערהויפט די

# א. שניצלער

אידישע גרופע, און נאך ווייניגער פון אלעמען איז שניצלער אנגעריהרט געווארען.

דעריבער איז אויך שווער שניצלערען צו־צושרייבען צו וועלכער עס איז שולע אדער גרופע. שניצלער איז א טיפישער וויענער קינסטלער מיט „וויענער בלוט“, וועלכער באזיצט אין פולער מאס די לייכטקייט, ווייכקייט, ביגיגקייט, עלעגאנץ און קאמפעטענטליכקייט פון אן עכט מאדערנעם מענשען, וואס לייענט זיינע אבענד־צייטונגען אין א ווינקעל פון קאפע.

איבערלייענענדיג שניצלער'ס ווערק, האבען מיר א פאלשטענדיגען באגריף פון דעם גייסט, זיטען און ארט־לעבען פון אונזער צייט, — און דאך איז שניצלער פאר קיין פאל, ניט קיין זיטען־מאהלער. פאר אזעלכען צו זיין, איז ער צו פריי און ווייניג פינקטליך אין דער באשרייבונג פון דעם ארימען אלטאגסלעבען. ער איז אויך ניט פעדאנטיש און טרוקען, ער האט אום צו זיין אזעלכער, צו פיעל געמיט אונגייסט.

ער איז אויך ניט קיין שטרענגער רעאליסט, ווייל ער לייגט קיינמאל ניט די געוויכט אויף דער פינקטליך אויספיהרליבער שטרענגקייט פון דעם לאגישען צוזאמענהאנג פון פאסירונגען און באשרייבונגען, וועלכע ער וויקעלט פאר אונז פאנאנדער.

ער איז אויך ניט קיין דעקאדענט, ווייל ער האט זיך קיינמאל ניט געשטעלט די אויפגאבע צו זיין קינסטליך. פאר שניצלער'ען איז די נאטור עכט און ליעב פון דער ערשטער האנט, ניט אזוי ווי פאר מעלארמען, פאר וועלכען די נאטור איז נאר באשאפען געווארען כדי זי זאל זיך קענען אויסגיסען אין א שעהנעם בוך.

און דאך איז אין שניצלער'ן דא פון אלץ צו ביסלאך, ווייל שניצלער איז א געטרייער קינד פון אונזער יאהרהונדערט, וואס האט אפגעשאפט אלע טיפקייטען און בערג, און וועלכער האלט אלץ אין איין אויסגלייכען און פארפלאכען.

אט איז די פילאזאפיע פון אונזער צייט:

# א. שניצלער

אין דען, ליעבער גאָט, דאָס אַלץ ווערט, אַז מען זאָל דאָר־
פען אָנגעשטרענגט קנייטשען דעם שטערען, אום אריינצודרינגען
אין דער מיסטעריע פון שאַפען און זיין?... לוינט זיך דאָס?...

און איז דאָס גאַנצע לעבען ניט מעהר ווי אַ פאַרביילויפענדע
פיעלפאַרביגע פאַנאָראַמאַ, וואו אַלץ פאַרשווינדט און ערשיינט
ווידער?...

אין דער צייט פון דראָטלאָזע טעלעגראַפען און עראָפּלאַנען,
וואו איין עלעקטרישער פונק קען אין איין אויגענבליק ארומקריי־
צען עטליכע מאָל דעם ערד־קוגעל. לוינט זיך דען אין אַזאַ צייט
צו זיין שווערמוטיג ווי אַ רוס, גרוי און איינטאָניג ווי אַ נאָר־
וועגער?... לוינט זיך דען אין אַזאַ צייט צו פאַרטיפען?...

און אָט זיצט פעטער אַלטענבערג, דאָס ראַפינירטע קינד
פון אונזער יאָהרהונדערט מיט אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצען און בלע־
זער אויף די אויגען. ער זיצט אין אַ ווינקעל פון קאַפע, רויכערט
זיין טאַבאַק און טרינקט זיין קאַפע און קוקט זיך דורך די ברילען
און רעגיסטרירט אַלע באַוועגונגען און פיינקייטען פון דער מענש־
ליכער נשמה... ער קוקט אויף די שאָטענס, וואָס ציהען פאַרביי
איהם, און ער טראַכט פון זיי אין האַלב אַפּגעריסענע, טיעפזיניגע
פראַזען, פול מיט ליעבע, ראַפינירטער איראָניע און גראַציע.

ווער פאַרשטעהט איהם?... ווען געהט ער אַן?...

ניין, אונזער דעמאָקראַטישע צייט איז די צייט פון אַנאַ־
טאָל: — שניצלער האָט עס פאַרשטאַנען.

## 3.

שניצלער איז א איד, און איהם זיינען ניט פרעמד די אלע אייגענשאפטען און פעהלערען, מיט וועלכע עס זיינען געבענשט די קינדער פון דער סעמיטישער ראסע.

פריהער פון אלעם איז ער א שטימונגס מענש, און די פארנאכט שאטענס און די דעמער־שטונדען, וועלכע זיינע אורעלטערען האבען פון דורות אויף זיך און אין זיך געפיהלט אין די בין מנחה למעריב שטונדען, האבען אונבאוואוסטזיניג איבערגעלאזען א טיעפען שפור אין זיין נשמה, און איהר אין גאנצען געגויגט צו דער אידעלער און ווייכער מעלאנכאליע און פאעזיע.

שניצלער איז שארפזיניג און איז גענייגט צום פאראדאקס. פאר שניצלערן עקזיסטירען ניט אזעלכע ערשיינונגען אין וועלכע מען זאל ניט קענען צווייפלען. ער איז א סקעפטיק, אבער וועמעס סקעפטיציזם פארפירט ניט וויט און טיף. ער שווימט זיך נאר רוהיג איבער דער אויבערפלעכע: קיינעם ניט אנגרייפענדיג, קיינעם ניט מאכענדיג שווער. פארקערט, זיין סקעפטיציזם איז זעהר אפט גאר אנגענעם.

שניצלער באציהט זיך צו אלץ אין דער וועלט אהן א געוויסע איינגעגעסענקייט און ליידענשאפט: ער האט ניט פיינט און ער האט אויך ניט ליעב. ער פארשפאטעט דעם פיליסטער, וועלכען ער האט אין גרונד גאר ניט פיינט. שניצלער האט ניט קיין זינען פאר סאציאלע אונגערעכטיגקייטען: ער פראטעסטירט ניט. ער איז אן אויפריכטיגער קינסטלער, און ער באציהט זיך צו זיין קונסט מיט איבערגעבענהייט און ליעבע. ער מאהלט מיט ווארימקייט און געפיהל דאס ארומיגע און די מענשען פון יענעם

## א. שניצלער

קרייז, וועלכע ער האט אויסגעקליבען, ווייל זיי זיינען איהם איינ־פאך נעהנטער ווי די איבעריגע.

און דאס זיינען די מענשען אין וועמעס קרייז ער האט זיך אממעהרסטען געפונען, און וועלכע ער האט אין גרונד ניט פיינט. און צו וועלכע ער פיהלט א באהאלטענע סימפאטיע.

און כאטש שניצלער האט א לאנגע צייט אין זיין שרייבען ניט געלאזט פיהלען, אז ער איז א איד, ווי עס האט עס געטאן וואסערמאן, פונדעסטוועגען האט זיך אין אלעם דעם, וואס ער האט געשריבען געפיהלט, אז דער מייסטער איז א איד, — ווארום מיט ווערק איז אזוי ווי מיט מענשליכע געזיכטער: עס איז קיינ־מאל ניטא קיין שארפע און באדייטענדע אורזאכע אויף אנצו־ווייזען, ווארום דער אדער יענער באלאנגט צו דער און דער ראסע, אדער צו דעם און צו דעם פאלק, אבער פונדעסטוועגען איז אלע מאל זעהר לייכט צו באשטימען די אפשטאמונג פון יעדער איינ־ציגען, וועלכער געהערט צו דער אדער צו יענער ראסע. ווייל דאס, וואס מען קען אפט דייטליך ניט אויסטיימשען, רעדט פאר זיך מעהר ווי דער שארפסטער סימן. און אזוי איז אויך מיט ווערק. עס איז ניט נייטיג שטענדיג צו שרייבען פון אידישען לעבען, אז מען זאל דערפאר וויסען, אז דער שרייבער איז א איד. דער שרייבער קען אפילו שרייבען פון פרעמדען לעבען און זיטען, און מען זאל דאך קענען אנטאפען דעם באהאלטענעם אידען.

דער טרויער, וואס פיהלט זיך אין שניצלער'ס ווערק איז א אידישער, און דאך איז ער קיינמאל ניט סענטימענטאל. שניצ־לער איז פול מיט שטימונג, ווייל ער איז עמפינדליך. זיין עמ־פינדליכקייט איז א עכט אידישע, שוין אביסעל איבערגעטריבען און קראנקהאפט. מיט זיין קלארען אידישען קוק אויף אלץ איז ער דאך פונדעסטוועגען געניייגט צום מיסטיציזם און צו דאס איבערנאטירליכע. און פאר איהם איז די וועלט, ווי דער פאעט זאגט אין „דעם גרינעם קאקאדו", „ווירקליכקייט פארוואנדעלט

## א. שניצלער

זיך אין שפּיעל — שפּיעל אין ווירקליכקייט". פאַר איהם, אַלס אַ סקעפּטיקער, זיינען ניטאַ קיין באַשטימטע דאָגמען און קיין אייביגע געזעצען.

שניצלער האָט ליעב דעם לעבען. ער איז ניט קיין פּעסימיסט, און ווענט ניט די סומע פאַרגניגען, וואָס מיר ציהען פון לעבען אַרויס, מיט דער סומע ליידען, וואָס מיר קריגען אין אומטויש דערפאַר. ער האָט דעריבער ליעב דעם לעבען, ווי עס האָט איהם ליעב איינער, וואָס האָט צום לעבען אַ פּרעטענזיע: — אויסער דעם, וואָס ער געניסט אַלץ פון לעבען, איז נאָך דאָס לעבען צו איהם מיט וואָס פאַרפליכטעט: דאָס לעבען איז איהם שולדיג אַ גרויסען חוב.

און דעריבער האָט שניצלער צום לעבען אין אַלגעמיין אַ גאַר אַנדערע באַציהונג. ווייל דאָס לעבען איז שטענדיג איהם שולדיג, דעריבער זיינען אַלע זיינע העלדען ווייט פון צו טאָן עפּעס פאַר'ן לעבען, אין דעם זינען פון בייטראָגען צו איהם פון זייער פּערזענליכקייט, און זיי זיינען נאַר אַזעלכע, וואָס זיינען גרייט צו ציהען פון לעבען וואָס מעהר און געבען איהם וואָס ווייניגער.

שניצלער'ס העלדען מאַטערט קיינמאָל ניט די עקאָנאָמישע פראַגע: — זיי לעבען.

ווי אַזוי זיי לעבען, פון וואַנען זיי ציהען זייער איינקונפט, ווי אַזוי זיי קעמפען פאַר זייער עקזיסטענץ, — דאָס ווייסען מיר ניט. און אונז געהט עס טאַקע ניט אָן אויך. אַבי זיי לעבען און דרעהען זיך אויף גאָט'ס ערד. דער איינציגער קאַמף, וואָס זיי האָבען יע, איז מיט די געפיהלען און בעלי חובות.

שניצלער'ס העלדען זיינען וויענער, און זיי אַלע זיינען אַממעהרסטען דורכגעדרונגען מיט'ן לעבען פון קאַפע און וואַלסער גייסט:

לייכט, עלעגאַנט און פול געמיט.

פאַר זיי איז דאָס לעבען און די נאַטור אויף אַזוי פיעל

## א. שניצלער

וויכטיג, אויף וויפיעלביידע קענען זיי פארשאפען א ליכטען און געמיטליכע צייט־פארטרייב:

און זאלען די שטונדען, טעג און נעכט געהן, אויב זיי זיינען סיי ווי סיי באשטימט אוועק־צו־געהן; אבער אוועקגעהענדיג, זאלען זיי אמוועניגסטענס זיין דורכגענומען פון ליבליכער ווא־רימקייט און ליכטען רייץ.

און אט איז דער לייטענאנט גוסטל, א גאנץ געוועהנליכער, עסטרייכישער אפיצער, מיט אלע אייגענטימליכקייטען פון דעם שאבלאנעם מיליטער קלאס, וועמעס געדאנקען האבען זיך קיינ־מאל אין לעבען ניט פארטראגען ווייטער פון זיין אייגענעם קער־פער און פון זיין דאמע׳ם בודואר.

און אט דער לייטענאנט און לעבע־יונג, איז איינמאל אין אן אבענד געקומען צו אן אנדער באשלום: אלץ האט זיך מיט אמאל פאר איהם אומגעענדערט. אלץ האט זיך אין זיינע אויגען פלוצלינג אומגעביטען, און אלע, ביז אהער, געוועהנליכע לעבענס ערשיינונגען האבען אנגענומען אנ׳אנדער ליכט און פארב:

און ביז אהער, דאכט זיך, איז זיין לעבען גערונען גלאט, אן קיין זאך זיך ניט אנגעשטויסען. אבער מיט אמאל האט זיך אלץ אומגעביטען, און דער געוועהנליכער עסטרייכישער לייטע־נאנט, האט א טראכט געטאן אויף זיין שטייגער וועגען זעלבסט־מארד.

און דאס וואס האט דעם לייטענאנט גוסטל אנגעשטויסען אויף אזעלכע טרויעריגע געדאנקען, איז געוועזן א גאנץ געוועהנ־ליכער צוזאמענשטויס, וואס דער לייטענאנט האט געהאט מיט דעם דיקען בעקער מייסטער.

נאכדעם ווי לייטענאנט גוסטל האט זיך אפגעלאנגוויילט אן אבענד אויף א קאנצערט, איילט ער זיך, צוזאמען מיט׳ן פוב־ליקום, צום ארויסגאנג, און דא נעבען דעם גארדעראב צימער קומט פאר דער צוזאמענשטויס מיט דעם דיקען בעקער מייסטער.

# א. שניצלער

לייטענאנט גוסטל ווערט אויפגערעגט, ווען דער מאן, וואס ניט ארויס די זאכען באמערקט איהם ניט, און ער זאגט:

— צוויי הונדערט פיער און צוואנציג! דא הענגט ער! נו, האבען זיי קיין אויגען ניט! דא הענגט ער! נו, גאט זיי דאנק"... אלזא ביטע!...

דער דיקער פארשטעלט איינעם שיער די גאנצע גארדע־ראבע... ביטע זעהר!...

— געדולד, געדולד!

— וואס זאגט דער קערל!?...

— נור אביסעל געדולד!...

— איך מוז דאך איהם ענטפערען... „מאכען זיי פלאץ!"

— נו, זיי וועלען דאך אויך גארנישט פארזאמען!...

— וואס זאגט ער דא? זאגט ער דאס צו מיר? דאס איז דאך גאנץ שטארק! און דאס דארף איך ניט דערלאזען!

— רוהיג!...

— וואס מיינען זיי?...

וואס פאר א טאן? און דא הערט שוין אלעם אויף!

— שטויסען זיי זיך ניט!...

— האלטען זיי דאס מויל!... דאס האב איך ניט געדארפט זאגען. איך בין צו גראב געווען... נו, יעצט איז עס שוין געשעהן.

— ווי מיינען זיי?...

יעצט דרעהט ער זיך אום... דעם קען איך דאך, יע! — דאס נערוועטער, דאס איז דאך דער בעקער מייסטער, וואס קומט שטענדיג אריין אין קאפע הויז... וואס טוט ער דא? ער האט געוויס אויך א טאכטער, אדער אימיצען אנדערש אין דער זינג־אקאדעמיע... יא, וואס איז דען דאס? יא, וואס טוט ער דען?... מיר שיינט גאר... יא, ער האלט דעם גריף פון מיין שווערד אין האנט... יא, איז דער קערל פעררוקט"?...

דער דיקער בעקער מייסטער האט אנגעכאפט דעם לייטע־

## א. שניצלער

נאנט'ס שווערד און ער סטראשעט איהם, אז ער וועט דעם שווערד צוברעכען און די שטיקלאך וועט ער ארייַנשיקען צו זיין רעגי־מענט קאמאנדא. דער לייטענאנט איז אונבאהאלפען, דער דיקער בעקער מייסטער איז צעהן מאל שטארקער פון איהם. און דער לייטענאנט האט מיט אמאל דערפיהלט, אז ער איז אויף אייביג פארלארען.

די אפיצערען עהרע באליידיגט, און ער איז געוועזן אונבא־האלפען:

„עהרע פארלארען, אלץ פארלארען".

אמת, דער דיקער בעקער מייסטער האט גערעדט זעהר שטיל, און ווען יענער האט מיט'ן האנט צוגעהאלטען דעם שווערד, האט אויך קיינער ניט געזעהן. ער האט עס גוט באמערקט, טראכט דער לייטענאנט, און פונדעסטוועגען צווייפעלט ער און געהט אן מיט זיינע צושלאגענע און צושטרייטע געדאנקען, און רעדט מיט זיך אליין. און ווער קען עס ווירקליך באהויפטען, אז קיינער האט ניט געהערט, און עס קען גאנץ מעגליך זיין, אז אויב אפילו קיינער האט ניט געהערט, אבער ער אליין קען דאך פון דעם פאל דערצעהלען אין דער היים, אדער אין קאפע, און דאס וועט דערגעהן צו זיין רעגימענט. און ער איז א פארלארענער. און די גאנצע לעבענס פרייד, און אלץ וואס האט ביז מיט א שטונדע צוריק געהערט צו איהם, איז מיט אמאל ווי א רויך פארשוואונ־דען, און דער לייטענאנט האט זיך געפיהלט העכסט אומגליקליך, ווי עס קען זיך פיהלען אומגליקליך א לייטענאנט, וואס איז ער־צויגען געווארען אין דער מיליטערישער אטמאספערע און אויף די טראדיציעס פון דער עסטרייכישער ארמיי.

אבער ווי עס שיינט, איז דעם לייטענאנט באשערט געוועזן צו זיין גליקליך, און נאך א נאכט וואנדערען איבער די וויענער גאסען קערט ער זיך צוריק אום אין דער קאפע, און דא ווערט ער פון קעלנער געוואהר, אז דער דיקער בעקער מייסטער האט באקו־

א. שניצלער

מען דעם שלאג, אומקערענדיג זיך פון טעאטער, און איז אויפ'ן פלאץ געשטארבען.

דער לייטענאנט איז איבערגליקליך:

„ער איז טויט, — טוידט איז ער! קיינער ווייס גאר־נישט, און גלייך ווי קיין זאך וואלט ניט געשעהן! עס איז א גליק, וואס איך בין אין קאפע הויז געגאנגען... אזוי וואלט איך מיך אומזיסט דערשאסען. — עס איז דאך גלייך ווי דאס שיקזאל וואלט זיך אריינגעמישט"...

אויסער דעם, וואס די ערצעהלונג איז אן און פאר זיך קינסט־לעריש דורכגעפיהרט, און מאכט שניצלער'ן פאר א באאבאכטער פון נאר א באזונדער גרויס, איז הינטער דעם שלייער פון די האלב קאמישע, און האלב ערנסטע נאכדאכטונגען פון דעם לייטענאנט גוסטל, באהאלטען א גרויסער זין און אמת.

און די פילאזאפיע איז אזא:

לייטענאנט גוסטל האט געהאט א צוזאמענשטויס מיט דעם דיקען בעקער מייסטער. אויפ'ן פלאץ איז ער אונבאהאלפען. און ער האט מורא, אז קיינער זאל זיך פון דעם צוזאמענשטויס ניט דערוויסען. ווארום לויט די מיליטערישע רעגימענט פאר־שריפטען, האט ער געדארפט אויפ'ן פלאץ מיט'ן פרעכען בעקער מייסטער זיך אפרעכענען. ער האט עס ניט געקענט דערווייזען, און זיין עהרע אלס אפיצער איז פארלארען און פארפלעקט. און פאר איהם איז קיין אנדער אויסוועג ניט געבליבען ווי צו באַ־געהן זעלבסטמארד, אום אפצואוואשען דעם פלעק. ער האט מיט זיין גאנצער אונוויסענהייט זיך דערפיהלט אומגליקליך און פאר־לארען. איז אבער דער יעניגער, וואס האט איהם באליידיגט געשטארבען, איז ער איבערגליקליך, ווייל קיינער וועט זיך איצ־טען ניט קענען דערוויסען, אז דער דיקער בעקערמייסטער האט איהם באליידיגט, און ער האט איהם גארנישט געקענט טאן.

און פון וואס עס קען אזא מענש ווי דער לייטענאנט זיין אומגליקליך, און פון וואס ער קען זיין גליקליך!...

# א. שניצלער

אין דער ערצעהלונג „שטערבען" איז דער העלד, פעליקס, פאראורטיילט צו שטארבען פון אן אונהיילבארע קראנקהייט. דער טויט איז אומפארמיידליך. אזוי האט ערקלערט דער פראָפעסאר בערנארד. פעליקס טראגט דעם טויט אין זיין בלוט, און עס איז נאר א פראגע פון צייט: פריהער אדער שפעטער. ווייל מעהר ווי א יאהר האט איהם דער פראפעסאר ניט געגעבען. פעליקס איז רייך, און ער האט א ראפאנירטען געשמאק. ער האט ליעב און ווערט געליעבט פון א וואונדערבארער פרוי. צו זיין דיענסט איז די גאנצע קונסט מיט אלע פארגעניגענס אנשטאלטען. און דאס איז דער הינטער־גרונד, אויף וועלכען עס וועבט זיך דאס שיקזאל פון דעם אפשטארבענדען פעליקס, דאס איז דער זון אונטערגאנג פון א לעבען, וועמעס רויטע און שארפע שטראַלען האבען נאך צייט צו איינוויקלען אין ווייבער דעמערונג דעם פרעכטיגען פארצויבערטען שלאס.

פעליקס ליעבט מאריען מיט דער ליעבע פון א קראנקען ענגאיסטישען מענשען, וועלכער האט דעם באוואוסטזיין, אז דער טויט שטעהט הארט הינטער זיין רוקען.

מאריע איז אן איידעלע און איבערגעגעבענע. זי האט זיך פון אלע לעבענס פרייד ענטזאגט און איז נאר באשעפטיגט מיט'ן ארומגאנג ארום קראנקען.

פעליקס, טראגענדיג דעם טויט אין הארצען, פיהלט א פאראכטונג צו אלע, וואס איז געזונט און שמעקט מיט לעבענס לוסט. ער האט אן עקעל פאר די געזונטע מענשען, וואס ריידען פילאזאפיש וועגען טויט אלס ערלייזער.

און ווען איינמאל עס האט איהם זיין פריינד דאקטאר אלפרעד געטראפען מיט א באנד שאפענהויער, האט פעליקס זיך צו איהם געווענדט:

—איך וויל דיר וואס זאגען, אלפרעד, איך וועל ווידער אנפאנגען ראמאנען צו לייענען.

— וואס איז דער מעהר?

## א. שניצלער

— עס איז ווייניגסטענס אן אויפריכטיגע געשיכטע דער־צעהלעריי. גוט אדער שלעכט, פון קינסטלער אדער פון טעמפע. אבער די הערען דא, — און ער האט אנגעוויזען מיט די אויגען אויפ'ן באנד, וואס איז אויפ'ן דעקע געלעגען, — זיינען נידער־טרעכטיגע פאזארען.

—אהו!

פעליקס האט זיך אויפגעהויבען פון בעט.

— פאראכטען דעם לעבען ווען מען איז געזונט ווי א גאט, דעם טויט רוהיג אנקוקען אין אויג ווען מען פאהרט שפאצירען אין איטאליען, וואו דאס דא זיין בליהט ארום אין די בונטעסטע פארבען, — דאס רוף איך איינפאך פאזע. זאל מען נעמען אזא הערען און איינשפארען אין א קאמער און איהם פאראור־טיילען צו פיבער און אטעם נויט, און דערביי איהם זאגען, אז צווישען דעם ערשטען יאנואר און דעם ערשטען פעברואר פון קומענדען יאהר וועט ער באגראבען זיין, און זאל ער דעמאלט עט־וואס פארפילאזאפירען.

— געה דאך, — האט אלפרעד געזאגט, — וואס איז דאס פאר פאראדאקסען!

— דאס פארשטעהסטו ניט. דו קענסט דאס ניט פאר־שטעהן! מיר איז דאס אלעס דערווידער. אלע זיינען פאזארען!

— און סאקראטעס?...

— איז געוועזען א קאמעדיאנט. ווען מען איז א נאטיר־ליכער מענש, האט מען פאר דעם אומבאקאנטען אנגסט. בעס־טענפאלס קען מען זיי פארגעבען. איך וועל דיר דאס גאנץ עהרליך זאגען. מען פעלשט די פסיכאלאגיע פון שטארבענדע, ווייל אלע גרויסע פון דער וועלטגעשיכטע, וועמעס טויט מען קען, האבען זיך געפיהלט פארפליכטעט דער נאכוועלט א קאמעדיע אויפצופיהרען. און איך! וואס טו איך דען? וואס? ווען איך רייד מיט אייך רוהיג איבער אלערליי מעגליכע זאכען, וועלכע געהען מיר גארניט אן, וואס טו איך דען?"

# א. שניצלער

פעליקס פיהלט, אז ער ווערט פון לעבען מיט געוואלד אפגע־ריסען. ער האט ליעב דעם לעבען און ער פאראכטעט די יעניגע, וועלכע פארלוימדען דעם לעבען. ער ליעבט מאריען, וועלכע שווערט איהם, אז זי וועט מיט איהם צוזאמען שטארבען. אבער פעליקס פארדעכטיגט, אדער בעסער געזאגט, ער אהנט, אז הינ־טער דעם אלעם, גיט אכטענדיג אויף איהר באשלוס מיט איהם צוזאמען צו שטארבען, ליגט א ריין מענשליכער פארלאנג ביי איהר צו לעבען, וועלכער ציהט איהר מיט אלע קרעפטען, און דער שטארבענדער פיהלט, אז מאריע פארטומעלט קינסטליך אין זיך דעם רוף צום לעבען.

און ווען ער זאגט איהר אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען:

„אז ווען איך וועל מוזען פון דאנען געהן, נעם איך דיך מיט", ווערט זי באפאלען פון א טויט שרעק. און זי נעמט פאר זיך איבערצייגען אלע שאנסען און דעם פארצוג, וואס זי, אלס א געזונטער מענש האט געגען איהם, וועלכער איז אזוי שוואך און קען זיך פון בעט ניט אויפהייבען.

מאריע וויל ניט שטארבען. אמת, זי האט איהם געשוואָ־רען. אבער געשווארען האט זי איהם אום נאר צו בארוהיגען, אום צו מאכען איהם גוט פיהלען.

איינמאל ביי־נאכט, כאפט איהר פעליקס אן ביי'ם קאפ און הייבט איהר אן דריקען. ער איז באפאלען געווארען פון א ווילדען אויסברוך. ער וויל איהר דערשטיקען און זיין הייסער פייכטער אטעם ברענט איהר. ער שרייט:

„צוזאמען, צוזאמען! דו האסט אזוי געוואלט. איך האב מורא אליין צו שטארבען. ווילסטו? ווילסטו?..

זי ווערט היסטעריש און שרייט:

„ניין, ניין, איך וויל ניט!" און זי רייסט זיך פון זיינע הענט ארויס און אנטלויפט.

אין דער ערצעהלונג „פרוי בערטה גארלאן" ווערט געשיל־דערט אן איינפאכע בירגערליכע פרוי מיט סענטימענטאלע נייר־

גונגען. איזדער יוגענד האט זי איבערגעלעבט א שטיקעל ראמאן מיט א יונגען פידעל שפיעלער, אבער דערפון האט זיך גארנישט אויסגעלאזען. גאנץ יונג האט זי חתונה געהאט מיט א מאן, וואס איז פאר איהר פיעל עלטער געווען, און זי איז מיט איהם ארויסגעפאהרען אין א קליין שטעטעל ניט ווייט פון וויען. יאה־רען געהן, דאס איינפאכע בירגער לעבען פליסט אזוי גרוי און איינטאניג. זי האט געבארען א קינד. און אין דריי יאהר נאך איהר חתונה איז איהר מאן פלוצלינג געשטארבען. זי איז גע־בליבען אן אלמנה מיט א קליינעם זוהן.

בערטא גראהאן גיט לעסאנס אין מוזיק, און אויף אזא אופן קען זי זיך שפייזען מיט איהר קינד. און דאס לעבען ציהט זיך אזוי איינטאניג און גרוי, אהן קיינע געשעהענישען און פאסירונ־גען, וועלכע זאלען איהר פארגליווערטען לעבען א ביסעל דער־ווארימען און אפפרישען.

זי געהט אויפ'ן בית עולם וואו איהר מאן איז באגראבען, און געהן געהט זי ניט דערפאר, ווייל זי האט ליעב דאס שטיקעל ערד, וואו איהר מאן ליגט באגראבען. זי געהט מעהר פון גע־וואהנהייט. אזוי איז זי צום ערשטען מאל געגאנגען, און אזוי געהט זי בסדר.

און אזוי ווי א קערענדיל, וואס איז ווען אויף דער ערד אראפגעפאלען, הויבט אן ארויסצושפראצען צוריק פון דער ערד, אזוי אויך איז ווארשיינליך מיט דעם ליעבעם געפיהל, וואס וואכט זיך צוריק צום לעבען אויף מיט דער צייט. אזוי האט אויך גע־טראפען מיט פרוי גראהאן. און נאך א רייהע פון יאהרען, יאה־רען בלייכע, לאנגווייליגע און גרויע, הויבט זיך אין איהר ביס־לעכוויים אן ערוואכען דאס געפיהל און דורשט צום לעבען, און איהר בלוט הויבט שנעלער פליסען אין איהרע אדערען. און זי בענקט.

און די עראינערונג, אז מיט צוועלף יאהר צוריק האט זי געפיהרט א ליעבע מיט דעם יונגען פידעל שפיעלער, ווערט פאר

איהר אליין אלץ דייטליכער און קלערער, און זי הויבט זיך אן אריינצולעבען אין איהר פארגאנגענהייט. און אזוי ביסלעכוויים, ביסלאכוויים וואקסט די בענקשאפט, ביז וואנען זי נעמט אן א באשטימטע פארמע, און זי פיהלט א נויטווענדיגקייט זיך צו זעהן מיט יענעם מענשען, וועמען זי האט אין דער יוגענד ליעב געהאט.

דורך א צופאל פאלט צו איהר אין האנט אריין א אילוסטריר־טער זשורנאל, וואו עס געפינט זיך א בילד פון דעם איצטער באַ־ריהמטען פידעל שפיעלער, עמיל לינדענבאד, וואו עס ווערט זעהר פיעל פון איהם גערעדט אלס באריהמטהייט.

עס ציהט איהר אין וויען. און זי זוכט אפ אן אויסרייד און פאהרט אין וויען.

און זי פיהלט, אז איהר געוועהנליכער לעבענס לויף האט זיך אביסעל אפגענויגט פון דער באשטימטער ריכטונג:

נעכט שווערע, שלאפלאזע. דאס בלוט איז אנגעפילט מיט אזא שווערער און הייסער פליסיגקייט. עס בענקט איהר הארץ, און דאס בלוט מאנט עפעס.

זי פאהרט א צווייטען מאל אין וויען און באגעגענט איהר אמאליגען געליעבטען, און זי גיט זיך איהם אפ, אהן א וועלכער עס איז אויסרעכענונג: — ווייל מעהר ווי איהם האט זי קיינמאל ניט געליעבט, און מעהר וועט זי קיין אנדערען ניט ליעבען.

זי ליעבט איהם מיט איהר גאנצען הארצען, מיט איהר בלוט און נשמה.

אבער ער?

זי מאטערט זיך פון ליעבע צו איהם. זי ליידט און שרייבט איהם בריעף פול מיט פייער און איבערגעבענהייט. אבער ער איז א פידעל שפיעלער. ער ענטפערט קאלטע, אויסגערעכענטע בריעף.

עס ווערט איהר מיט אמאל קלאר די גאנצע לאגע, ווען פרוי רופיוס קערט זיך צוריק פון וויען און ווערט קראנק אויף בלוט

פארגיפטונג, — א פאלגע פון א קרימינעלער אפעראציע. זי דערמאנט זיך, אז מיט איהר קען אויך דאס זעלבע געשעהן, ווייל אויך זי טראגט ווארשיינליך די מוטערשאפט אונטער איהר הארצען.

און שטעהענדיג אזוי נעבען דער טויטער, און קוקענדיג אויף דער טויטער'ס פאראליזירען מאן, ווערט איהר הארץ אנגעפילט מיט עקעל און פארכאטונג, און —

„מיט אמאל האט זיך איהר דער קאפ פארדרעהט און זי האט דערפיהלט, די איהר גוט באקאנטע פלוצליכע שוואכקייט און איבעל, וועלכע זיינען גיך פאראיבער. פון אנהייב איז איהר געווען שווער צו אטעמען. דערנאך האט זי א טיעפען זיפץ געטאן און האט גלייך דערפיהלט.ווי עס וואלט איהר ווערען לייכטער: זי האט פארשטאנען, אז מיט דעם אנקומען פון דער מידיגקייט זיינען אין דעם זעל־בען מאמענט פארשוואונדען ניט נאר פריהערדיגע שרעק, נאר אויך דער גאנצער אונזין פון יענע נארישע טעג, די לעצטע אויפבליצען פון איהר רעוואלטירענדען בלוט, — אלץ, וואס זי האט צוגענומען פאר ליעבע. שטעהענדיג אויף די קני לעבען דער טויטער'ס בעט, האט זי פארשטא־נען, אז זי געהערט ניט צו דער צאהל, יענע לייכטזיניגע פרויען, וועלכע טרינקען פון דעם פארגעניגענס בעכער ניט וויגענדיג זיך. זי האט זיך מיט עקעל דערמאנט אן דער איינציגער שטונדע פארגעניגען, וואס איז איהר געשענקט געווארען; א שרעקליכער ליגען, האט זיך איהר אויסגעצ־דוכט, איז געוועזען יענע אונפארשעמטע זעליגקייט"...

די ערצעהלונג אלס גאנצע, איז פילייכט אביסעל צושוואר־מען, ניט אויסגעהאלטען, און עס פעהלט אין איהר יענע געזונטע באציהונג צום רעאלען לעבען:

ווייל קיין זאך איז אין דער ערצעהלונג ניט באשטימט, אלץ ציהט זיך אהין, וואוהין דער שרייבער ציהט. די איבעריגע מענ־

## א. שניצלער

שען אין דער ערצעהלונג זיינען נאָר אויף אזוי פיעל אָנגעצייכענט, וויפיעל עס איז נויטיג, אַז זיי זאָלען דינען פאַר אַ שוואַכען הינ־טערגרונד. איין פונקט אַ שאַרפער, און דאָס איבעריגע איז בלייך.

דערפאַר אָבער איז דער טראַגיזם, אָפטמאָל אפילו גאַנץ נאַיאיוו, מיט אַ באַזונדער פאַרשטענדניס אויסגעפיהרט.

עס קען גאַנץ מעגליך זיין, אַז דער שרייבער האָט אין דער ערצעהלונג געוואָלט אונטערשטרייכען דעם טראַגיזם פון דער ריי־נער אונשולדיגער פרוי, וועלכע איז כמעט ווי אונבאַהאָלפען אין איהר צוזאַמענשטויס מיט דעם קאַלטען איינגעננוציגען מאַן. און עס געלינגט איהם אויך. און אויב די ערצעהלונג ליידט פון קינסטלערישען שטאַנדפונקט, איז זי דערפאַר איבערגעפילט מיט לירישער שטימונג, וואָס דאָס איז אָפט מאָל מעהר ווערט, ווי די אַלע רעאַליסטישע פינקטליכקייטען.

4.

שניצלער האט צווישען זיינע דראמעס און ערצעהלונגען זעהר פיעל געוועהנליכע זאכען, זאכען, וועלכע צייכענען זיך באזונדערס מיט וואס ניט אויס. אין פיעלע דראמען, דערהייבט זיך ניט שניצלער העכער פון הערמאן באהר. דאס זיינען דראמען פון בעסערען סארט, ווי מיר זיינען געוואוינט, אז מען זאל אונז אונטערטראגען אין אונזער צייט. אבער דערפאר האט ער אייניגע איינאקטערס, ווי „דער גרינע קאקאדו“ און „פאראצעלס“, וועלכע דערהייבען זיך איבער אלע זיינע דראמען אין דעם זינען, ווי זיי זיינען אויפגעפאסט און פארטראכט געווארען.

„דער גרינע קאקאדו“ איז א וויין קעלער, אין וועלכען די איבערזעטיגטע און דעגענערירטע פראנצויזישע גראפען, מארקיזען און הערצאגען: די פער פון דעם גאנצען פראנצויזישען אדעל פארקלייבען זיך גאנץ אפט מיט דעם איינציגען פארלאנג, צו געפינען דארט שארפע, אוננאטירליכע אויפרעגונגען. אין דעם שענק פארזאמלען זיך אויך די נידעריגסטע פארברעכער און אויסוואורפען.

די אלע, וועלכע זיינען אין דעם קעלער פארזאמעלט, זיינען אממעהרסטען אקטיארען, וועלכע שפיעלען מיט אזא מערקווירדיגער עכטקייט און אויפריכטיגקייט די ראלען פון די נידעריגסטע פארברעכער און מערדער, אז ביי די צוזעהער הייבען אן די הערצער צו קלאפען און ציטערען.

און דאס קומט פאר, ווען גאנץ פאריז פלאקערט מיט דעם גייסט פון רעוואלוציאן. און אין דעם אנדער עק פון שטאדט שטורעמט דאס פאלק די באסטיל.

אזוי הייבט אויך ווי אלע מאל, פארזאמלען זיך פיעלע ארי־

## א. שניצלער

סטאַקראַטען, וועלכע וואַרטען ווען דאָס שפּיעל וועט זיך אָנהייבען. עס איז קענטיג, אַז אַלע האָבען באַזונדערס ליעב אַ געוויסען אַקטיאָר העברי פאַר זיין שפּיעלען.

עס קומען אריין מענשען פון גאַס און ברענגען מיט זיך די נייעס, אַז אין שטאָדט איז זעהר אונרוהיג. דאָס פאָלק איז אין אַ רעוואָלטירענדען גייסט.

דער הויפּט אַקטיאָר העברי ערשיינט, ער איז גליקליך. ער האָט היינט חתונה געהאַט מיט זיין געליעבטער לעאָקאַדיע און חלום'ט צו פאַרלאָזען די ביהנע, אום צו באַזעצען זיך ערגיץ וואו אין אַ שטילען ווינקעל. ער שפּיעלט היינט צום לעצטען מאָל. עס קומען דערוויילע נייע אַריסטאָקראַטישע באַזוכער, און העברי דערצעהלט מיט אויפריכטיגען פּאַטהאָס, ווי אַזוי ער האָט פון לעאָקאַדיען אפּשייד גענומען ביים טיר פון טעאַטער, וואוהין זי איז אריין אין איהר קליידער־צימער, און אַזוי אוועקגעהענדיג האָט ער מיט אַמאָל דערפיהלט אַ געוויסע מורא, און ער האָט זיך עטליכע מאָל אומגעקערט, ביז וואַנען ער האָט זיך באַשלאָסען אריינצוגייסען אין איהר צימער, וואו ער האָט געטראָפען איהר אין דעם הערצאָג קאַדינאַ'ס אָרעמס, און ער האָט איהם ערמאָרדעט.

אַלע ווערען פאַרטרייסעלט.

דערצעהלט האָט ער דאָס מיט אַזאַ איבערצייגענדען און גוט אַפּעקטירטען טאָן אַז אַלע הייבען אַן גלויבען, אַז העברי האָט טאַקי ערמאָרדעט דעם הערצאָג, און ווי דער פּאָעט ראַלין זאָגט:

„עס איז וואונדערבאַר. מיר ווייסען דאָך אַלע, אַז ער שפּיעלט, און פון דעסטוועגען, ווען דער הערצאָג וואָלט איצט אריין, וואָלט געווען גלייך ווי אַ גייסט וואָלט ערשיינען".

מעהר פון אַלעמען איז זיכער, אַז העברי האָט ערמאָרדעט דעם הערצאָג, איז דער ווירטה פון קעלער, ווייל ער ווייס, אַז לעאָקאַדיע איז געווען דעם הערצאָג'ס געליעבטע. ער ווערט

# א. שניצלער

אליין פארציטערט פאר דער מעגליכקייט, אז דאס שפיעל זאל איבערגעהן אין א ווירקליכקייט.

דערווייליע רייסען זיך אריין פון גאס פרישע מענשען מיט א טומעל. זיי שרייען אלע פרייהייט, פרייהייט! דאס פאלק האט געזיעגט! די באסטיל איז געפאלען!...

אייניגע פון די אריסטאקראטען שטעהען צו צו הענרי׳ן. הענרי ערקלערט זיי ענדליך, אז עס איז ניט אמת.

דער ווירטה וועלכער האט מיט אמאל דערפיהלט, אז ער האט שוין ניט מעהר וואס מורא צו האבען, ווייל דאס פאלק האט גע־זיעגט, ווענדט זיך צו הענרי׳ן און זאגט:

„דו דארפסט מעהר ניט מורא האבען; איצטער קענסטו עס אויסשרייען פאר דער גאנצער וועלט. איך האב דיר געקענט ערצעהלען מיט א שטונדע צוריק, אז זי איז געווען דעם הערצאג׳ס מעטרעסע"...

און דאס, וואס הענרי אליין האט געמיינט אז עס איז נור א שפיעל, איז געווען די ביטערע ווירקליכקייט. זי איז געווען דעם הערצאג׳ס געליעבטע. הענרי ווערט אויפגעטרייסעלט, און ווען דער הערצאג קומט אם ענדע אריין, ווארפט זיך הענרי אויף איהם ארויף און דערשטעכט איהם.

אלץ אין דעם קעלער איז געווען א שפיעל. עס האבען גע־שפיעלט די יעניגע, וועלכע פלעגען כלומר׳שט האלטען פייערדיגע, אויפהעצענדע רעדען געגען די אריסטאקראטען, וועלכע האבען זיך אליין פארגונען צו לאכען פון דעם אויפריכטיגען און אי־בערצייגענדען שפיעל און עס אנגענומען פאר א שפאס.

עס האט געשפיעלט הענרי, ווען ער האט מיט פייער און פאטהאס דערצעהלט, ווי אזוי ער האט ערמארדעט דעם הערצאג. און, אבער, איז דאס שפיעל אין א ווירקליכקייט פארוואנדעלט געווארען.

און האט זיך פאראצעלס ניט געשפיעלט?...

פאראצעלס, דער געלעהרענטער דאקטאר און יאטראכימי־

## א. שניצלער

קער, דער, וועלכער האט אין פינפצעהנטען יאהרהונדערט געגען זיך אויפגערייצט די גאנצע וועלט, דערפאר וואס ער איז שטארק ארויסגעטראטען געגען זיינע קאלעגען דאקטוירים. אט דער פאראצעלס, דער מערקווירדיגער מענש, מיט זיין גלויבען אין דאס איבערנאטירליכע און זיין נייגונג צו מיסטיציזם, האט אויך געגלויבט, אז אלץ איז א שפיעל. און מען קען זיך מיט דעם מענשליכען שיקזאל שפיעלען נאכ'ן אייגענעם פארלאנג.

קיפריאן, ברענגט פאראצעלס'ן צו זיך אהיים. די יונגע און אונשולדיגע יוסטינא באגעגענט פאראצעלס'ן מיט פרייד, ווייל פאראצעלס, דער איצטער באריהמטער דאקטאר, איז דער אמאליגער האהענהיים, וועלכען זי האט אין איהר יוגענד געקענט. איהר מאן קיפריאן, וועמען זי ליעבט מיט'ן גאנצען פייער פון איהר אונשולדיגער נשמה, הויבט אן צו אפשפאטען פון פאראצעלס'ן. פאראצעלס איז פון אנהייב רוהיג און געלא־סען, און מאכט א פארזוך צו איבערצייגען איהם. אבער יענער ווערט אלץ פרעכער און פרעכער. פאראצעלס פאסט א באשלוס און געהט צו גלייך צו יוסטינען און באפעהלט איהר צו שלא־פען. און ווען יוסטינא געפינט זיך אונטער דעם איינפלוס פון זיין היפנאטישער קראפט, רוימט איהר פאראצעלס איין אין אויער, און ער גיט איהר אריין א געדאנק, אז זי האט פארראטען איהר מאן מיט איהר זינדיגער ליעבע.

יוסטינא כאפט זיך אויף פון איהר מאגנעטישען שלאף און שרייט מיט אמאל אויס און אנטלויפט גלייך אין איהר צימער און פארשפארט הינטער זיך די טיר, ווייל זי איז פאלשטענדיג איבערצייגט, אז זי האט פארראטען איהר מאן, און אז ניט לאנג צוריק איז זי געלעגען אין אנזעלמ'ס ארעמס. אבער אין דער אמת'ן איז זי אונשולדיג.

פאראצעלס, אויסער דעם וואס ער באזיצט די היפנאטישע קראפט, וואס דאס מאכט איהם אז ער זאל קענען שפיעלען מיט מענשען נאך זיין ווילען, איז אויך א פילאזאף, וועלכער גלויבט,

## א. שניצלער

אז אויף וויפיעל ערשיינונגען קענען פאר אונז דינען אלס א איר־
לוזיע, זיינען זיי ווירקליך און אמת.

קיפריאן, וועלכער איז איצטער איבערצייגט, אז פאראצעלס
איז א אויסערגעוועהנליכער מענש, בעט איהם, אז איידער ער
פארלאזט זיי זאל ער ערקלערען, צי איז דאס געווען ערנסט, צי
איז דאס געווען א שפיעל?

פאראצעלס ענטפערט:

„עס איז געווען א שפיעל! וואס, אנדערש האט עס
געקענט זיין? און וואס איז ניט קיין שפיעל אויף אונזער
ערד, ווי גרויס און טיעף זאכען זאלען ניט זיין? איינער
שפיעלט זיך מיט מאסען געדונגענע סאלדאטען, א צוויי־
טער שפיעלט זיך מיט דעם אונזין פון אבערגלויבען, א
דריטער, מעגליך, שפיעלט זיך מיט דער זון און פלאנע־
טען, — איך שפיעל זיך מיט מענשליכע נשמות. און דער
אליין וועט געפינען א זין, דער וואס זוכט דעם זין. מיר
פארשטעהען קיינמאל ניט קיין אנדערע און מיר פארשטע־
הען אויך זיך אליין ניט. מיר שפיעלען אלע: און ווער עס
ווייס איז קלוג“.

## 5.

עס איז ניט פיליכט קיין חסרון, וואָס שניצלער איז אין פיעלע דראַמען לייכט און אויבערפלעכליך: עס קען זיין דער־פאַר, ווייל עס איז טעכניש אונמעגליך צו זיין טיעף אין דער דראַמאַטישער פאָרם. ווייל מיט דעם, וואָס שניצלער וועט לאָזען זיינע העלדען ריידען טיעפע רייד, וועט פאַר קיין פאַל ניט באַ־וויזען, אַז די דראַמאַ גופא איז אַ טיעף פאַרטראַכטע. עס פעה־לען אין זיינע דראַמען דאָס, וואָס דער רוס, אָדער נאַרוועגער וואָלט אנגערופען שווערמוט, אבער דערפאַר האבען זיי די מעלה, וואָס אין זיי רוהט שטענדיג אַ וווייכקייט און שפּיעלעדיגקייט.

איינע פון זיינע ערשטע און טיפּיש שניצלער'שע ווערק, איז אָהן צווייפעל „אַנאַטאָל".

אַנאַטאָל איז אַ זאַמלונג פון עפּיזאָדען אין דראַמאַטישער פאָרמע אין וועלכער ער פיגורירט.

אַנאַטאָל איז אַ גוטמוטיגער, לייכטזיניגער וויענער לעבע יונג, וועמעס גאַנצער לעבען ווערט אויסגעבראַכט אין די נאַכט קאַפעען און אין דער געזעלשאַפט פון מיידלאַך און דאַמען.

אַנאַטאָל איז אַ קינד פון וויען, וואו דאָס לעבען פליסט אין אַ לאַנגזאַמען טעמפּ, און וואו אַלץ ארום שיינט צו זיין געמיטליך.

אַנאַטאָל האָט ניט קיין הויכע פאָדערונגען. אין זיין דענקען איז ער באַגרענעצט. זיין מאָראַלע באַציהונג צו דער וועלט און מענשען איז אויך ניט קיין הויכע, אָבער דערפאַר אויך ניט קיין נידעריגע. אויב ער פיהלט ניט קיין געוויסענסביסע פאַר זיינע לייכטע פאַרהעלטניסע און אָפט מאָל ניט גערעכטע באַהאַנדלונג צו די פרויען מיט וועלכע ער איז צייטווייליג פאַרבונדען, באַ־נעהט ער אָבער דערפאַר קיינמאָל ניט געגען זיי קיין גראָבהייטען,

און ער האט אלע מאל פאר זיי דעם בעסטען געפיהל, און זיינע עראינערונגען וועגען זיי זיינען פון די פיינסטע.

אנאטאל באזיצט געשמאק. ער איז ראפינירט; ער האט טאקט, ווייכקייט און פיינקייט. ער איז יונג און די פרויען פי־לען אוים זיין ליידיגען לעבען.

ער האט אויך זיין אייגענע פילאזאפיע און איז אין אלגע־מיין ניט קיין גריבלער, וואס גיט זיך אפ יעדער נאכט חשבון הנפש. און איז דער טאג אריבער, זאל ער געהן, ווייל דער טאג האט פאר איהם נאר אויף אזוי פיעל א באטרעף, אויף וויפיעל ער האט הינטער זיך געקענט איבערלאזען אנגענעמע עראינערונ־גען: — און מארגען וועט ווידער א טאג און נאכט זיין.

ער איז אויך ניט נייגעריג. ער וויל ניט וויסען און איהם אינטערעסירט ניט ווענען עס ליעבט זיין דאמע אויסער איהם. איהם אינטערעסירט ניט דער פרוי'ס פארגאנגענהייט. פאר איהם זיינען וויכטיג אלע ערשיינונגען ווי זיי ערשיינען פאר'ן אויג, אין דעם מאמענט, ווען עס קומט אוים זיי צו זעהען. ער וויל ניט טראכטען, אדער בעסער געזאגט, ער פוילט זיך ארייג־צוטראכטען וועגען דעם, וואס עס קען ליגען באהאלטען הינטער דער אויבערפלעכע, וועלכע שיינט צו זיין אזוי רוהיג, גלאט און שעהן. און ער איז ווירקליך צופרידען פון אלץ, וואס עס שיינט אויפ'ן פלאץ צו זיין שעהן.

און ווען עס מאכט זיך איהם א געלעגענהייט צו דערוויי־סען זיך אויב זיין געליעבטע ליעבט איהם מיט אן אמת, וויל ער זיך מיט דער געלעגענהייט ניט באנוצען.

מאקס, אנאטאל'ס פריינד, שטעהט צו איהם צו, אז ער זאל היפנאטיזירען הילדא'ן און איהר צווינגען אז זי זאל אין איהר מאגנעטישען שלאף איהם דערצעהלען פון איהר פארגאנ־גענהייט.

אנאטאל מיט זיין נאטירליכקייט און איינפאכקייט וויים גוט דעם סוד, אז עס איז גאנץ נאטירליך פאר אזא פרוי פון

# א. שניצלער

הילדא׳ס טעמפעראמענט און כאראקטער צו האבען נאך א געליעבטע. און ער ערקלערט עס פאר מאקס׳ן גאנץ איינפאך:

„אויסער דעם זיינען מיידלאך פון דעם זארט שטענדיג אונטריי. עס קומט צו זיי נאטירליך... עס איז אזא סארט אינסטינקט. און עס איז פונקט אזוי ווי איך האב צוויי אדער דריי ביכער, וואס איך לייען אין איין און דערזעלבער צייט. אזוי מוזען זיי האבען צוויי אדער דריי מענער, וואס זאלען אין איין און דערזעלבער צייט ארומהענגען ארום זיי“.

מאקס: — אבער ליעבט זי דיר דען?

אנאטאל: — וואס איז דער אונטערשיעד?

מאקס: — ווער איז דער אנדער מאן?...

אנאטאל: — פון וואנעט זאל איך עס וויסען? איינער האט איהר געזעהן אין פאבריק, אן אנדערער האט איהר געמאכט אויגלאך אין שטאט־באהן, געהענדיג אהיים.

און אנאטאל געהט אן וויטער און רעדט געמיטליך:

„אלץ וואס זי וויל איז גוט צו פארברענגען איהר צייט ניט איבערדענקענדיג וועגען דעם. איך פרעג איהר אויב זי ליעבט מיר. זי זאגט יע. און דאס איז דער פאלשטענדיגער אמת. און דאן... בין איך דער איינציגער וועמען זי ליעבט?... זי זאגט ווידער יע... און דאס איז אויך אמת אויף דער מינוט, ווייל אין דער מינוט האט זי ווירקליך פארגעסען אן דעם אנדער מאן. און אויסער דעם... וואס אנדערש קען א פרוי זאגען?...“

אנאטאל איז א קינד פון אונזער יאהרהונדערט, א שטאדט און קאפע מענש, און איהם זיינען פרעמד די אלע דערהויבענדע געפיהלען, וועלכע האבען אמאל אנגעפילט דעם לעבען און ביכער. און דאס, וואס אנאטאל זוכט [illegible] ניט די ריינע, טוגענדהאפטע, אויף אייביג פארגליווערטע ליעבע. ער זוכט ליעבע און געמיט. ער זוכט ווייכקייט און פיינקייט. ער וויל די

# א. שניצלער

געגענווארט איינוויקלען אין א שלייער פון געמיטליכקייט און לייכטען צייט פארטרייב.

ער פיהלט אויף זיך אויך ניט קיין פליכטען און קיין מאַראַלען דרוק. אין זיין ברוסט קעמפען ניט, ווי ביי פאוסט'ן, צוויי געפיהלען. און אין דער לעצטער נאכט פאר זיין חתונה, ווען ער קערט זיך אום פון דער כלה'ס הויז, פאלט ער אריין אויף א באל אין דער אפערע, באגעגענט זיך דארטען מיט אן אמאליגער געליעבטע, וועלכע ער נעמט איהר מיט זיך אין זיינע צימערען, און פארברענגט מיט איהר די נאכט.

אויף מארגען אין דער פריה, דאס מיינט אין דעם טאג, וואס ער דארף געהן חתונה האבען, זיצט זיך אנאטאל פויל און נאכלעסיג אין זיין באקוועמען שטול, און עס געהט איהם כמעט גאר אויפ'ן זינען ניט ארויף, וואס אין עטליכע שטונדען ארום געהט ער זיך פארבינדען מיט א פרוי „אויף אייביג".

און וואס איז ווירקליך פון דעם פאראן צו טראכטען? אנאטאל ווייס, אז קיין זאך אין דער וועלט וועט איהם ניט בינדען, און דאס ווייס אויך לאנא, וועלכע שלאפט נאך דארטען אין זיין בעט.

עס קומט אריין מאקס און דערמאנט איהם, אז היינט האלב נאך צוועלף איז זיין חתונה. אנאטאל ווייס פון דעם, אבער ער איילט זיך ניט. מאקס ווערט געוואהר, אז אין צווייטען צימער שלאפט לאנא. ער ווערט א ביסעל איבערראשט און פרעגט:

„איז דאס אמת, אנאטאל?"

אנאטאל: — לאז מיר דיך ערקלערען.

מאקס: — און דאס איז, ווי אזוי דו הייבסט אן דיין פארהייראטען לעבען.

אנאטאל: — זיי ניט קיין עזעל...

און אנאטאל דערצעהלט איהם גאנץ אונשולדיג א גע־

## א. שניצלער

שיכטע, ווי אזוי עס האט געטראפען, וואס לאנא האט זיך מיט אמאל געפונען אין זיין בעט.

אנאטאל איז ביי זיך פעסט איבערציינט, אז אזוי האט עס געמוזט זיין, ווייל עס איז אזוי נאטירליך. און ווייסט דען די אמת'ע ליעבעס לוסט אז אונטערשייד פון א פארהייראטען אדער אונפארהייראטען מאן? און ווייסט דען די אמת'ע ליידענ־שאפט פון דעם שרעקליכען סוד, אז אנאטאל געהט מארגען חתונה האבען?!

לאנא, וועלכע ווארעמט אנאטאל'ס בעט, ווייס ניט, וואס אנאטאל געהט היינט חתונה האבען. און ווען זי דערוויסט זיך דערפון מאכט זי א שרעקליכע סצענע.

אנאטאל ווערט ניט אויפגערעגט, ער בארוהיגט איהר, און צום סוף פארדריסט איהם זעהר פאר איהר. און אין דער אמת'ן, צו וואס דארף ער דאס אלץ?

אנאטאל איז א דזשענטעלמאן, און ער באציהט זיך מיט גו־טען טאן און איידעל צו יענע פרויען, וועלכע האבען איהם דער־עסען. און ווען ער וויל זיך פאנאנדערגעהן מיט זיין געליעבטע, לאדט ער איהר איין פאר סאפער אין א רעסטאראן אין א באזונ־דער צימער. ביי איהם איז דאס שיידען זיך מיט זיין געליעבטע אויך א יום טוב, ווייל ער פיהלט באמת צו איהר א גוטען און צערטליכען געפיהל, פאר די פרייד וואס זי האט איהם ווען עס איז פארשאפט, און עס איז איהם זעהר שווער ארויסצוברענגען פאר איהר אין א וועלכען עס איז איידעלען אופן, אז עס איז געקומען די ריכטיגע צייט, וואס זיי דארפען זיך שיידען. און עס טוט איהם זעהר לייד, ווען זי דערצעהלט איהם די ערשטע, אז זיי מוזען זיך איצטער שיידען, ווייל זי האט זיך פארליעבט אין אן אנדערען. זיין אייגענליעבע ווערט אנגעריהרט. אבער באלד געהט ער אריין אין זיין געוועהנליכען גוטמוטיגען און אביסעל איראנישען טאן, און ער דערצעהלט איהר, אז עס טוט

# א. שניצלער

איהם זעהר הנאה, וואס דער עפיזאד האט זיך אזוי גוט פאר ביידען פארענדיגט.

אנאטאל איז א שטימונגס מענש, און ער האט דעריבער ליעב מעהר דאס, וואס עס רינגעלט ארום די זאך, איידער די זאך אליין. זיין ליעבע צו די פרויען מיט וועלכע ער איז פאר־בונדען, איז ניט בלויז די ליעבע פון א מאן, וועלכער האט נאר אין זינען צו זעטיגען זיין ליעבעס־באגעהר. אנאטאל האט ליעב די לופט און דעמער־שטונדען, וועלכע וויקלען ארום אט די אלע ליעבעס פאסירונגען. ער איז אין דער נשמה א פאעט און האט א חוש פאר פיינקייט און עכטקייט. ער איז אבער פאר קיין פאל ניט סענטימענטאל.

אויך די פרויען וועלכע שניצלער פיהרט ארוים אין זיינע דראמען און ערצעהלונגען, זיינען אויך עכטע וויענערינס און שטימען פאלקאם מיט דעם טאן פון שניצלער'ס ווייבע, שטי־מונגספולע פאעזיע. זיי זיינען ווייניגער בירגערליך ווי אנדערע פרויען, און זיינען אפט קאפריזנע. זיי זיינען דורכזיכטיג און ווייבליך.

## 6.

**אויף אלץ.** וואס שניצלער האט געשאפען ליגט שטענדיג אויסגעשפרייט א געוויסער חן און אזא אנגענעמע, פארשלעפערענדע רוהיגקייט. אלץ אטעמט מיט פיינקייט. און עס זעהט אויס, אז שניצלער וויל זיך אליין ניט אויפרעגען, און וויל די מענשען ניט אויפרעגען. עס קען זיין, אז אין א געוויסען זינען איז דאס א פעהלער, אבער ביי שניצלער'ן איז דער פעהלער פארלארען געגאנגען, ווייל הינטער אט דעם שלייער פון רעזיגנאציאן און רוהיגקייט איז געלעגען דער ראפינירטער סקעפטיציזם פון דעם מאדערנעם מענשען, פאר וועלכען עס איז מיט אמאל פלוצלונג קלאר געווארען, אז עס איז ווירקליך ניטא נאך וואס צו בענקען. ווייל אויב דאס אייגענע לעבען קען ניט זיין אנגעפילט מיט די אלע גוטע זאכען וואס געפינען זיך אין דער וועלט און אין זיך זעלבסט, — וואס איז שוין צו ערווארטען פון יענע באגריפען וועגען דעם פארגעשטעלטען לעבען, וואס ליגט הינטער דער ליניע פון אונזער פארשטאנד און פאנטאזיע?...

שניצלער האט אבער מיט אמאל באוויזען, אז ער קען זיך אויך ערנסט באציהען צו די אלע ערשיינונגען אין פאליטישען ווי אויך אין אלטעגליכען לעבען. אין זיין ראמאן „דער וועג אינס פרייע“, הויבט ער אויף דעם פארהאנג פון א שטיק לעבען, וועלכען שניצלער האט פריהער אונז ניט געוויזען.

אונפאר אונז דעקט זיך אפ א ווינקעל, אין וועלכען עס דרעהען זיך ארום מענשען פון דער העכערער געזעלשאפט:

ארעל־לייט, פינאנסיערען, ליטעראטען און פאליטיקער, קריסטען און אידען, סימפאטישע און אונסימפאטישע. — און אט

# א. שניצלער

די אלע מענשען האבען זייערע שטרעבונגען, זיינען גאנץ אפט פארביטערט און באציהען זיך איינע צו די אנדערע, דא מיט פיינדשאפט, דא מיט גלייכגילטיגקייט און אויך מיט ליעבע.

אויב דער ראמאן „דער וועג אינס פרייע" איז אין גאנצען ניט פריי פון דאס כאראקטעריסטיש שניצלער'שע, דערפאר אבער, איז אין איהם קענטיג די גענויטע האנט און טיפע פאר־שטענדניס פון צייטיג געווארענעם קינסטלער.

דער צענטער פון ראמאן איז א קריסט, געארג פאן ווער־גענטין, וועלכער לעבט מיט זיין ברודער פעליציאן אין דעם אל־טען הויז, וואס איז געבליבען נאך זייער פאטער'ס טויט. ער איז א מוזיקער, דערווייל א דעליטאנט, וועלכער האט אליין גרויסע האפנונגען, און אויך אנדערע, אז אין דער צוקונפט וועט ער זיין פון די אויסגעצייכענטסטע קאמפאזיטארען. ער האט דערווייל אנגעשריבען אייניגע ליעדער, וועלכע ווערען געזונגען און געשפיעלט מיט ערפאלג פון אנא ראזנער, זיין געליעבטע. ער שרייבט אויך א קווינטעט און גרייט זיך צו צו מאכען מוזיק פאר אן אפערא.

געארג פאן ווערגענטין איז א רוהיגער מענש און איז שטענדיג גענייגט צום ווייכען ליריזם. ער איז א מענש פון שטימונגען מיט זעהר אן איינדרוקספאלע און עמפינדליכע נשמה און הארץ. דער קרייז וואו ער פארקערט איז אממעהר־סטען אויפגעשטעלט פון אידען. ער איז א גאסט ביי די ערענ־בערגס אין הויז, זעהר א רייכע, אויפגעקומענע פאמיליע. ער איז זעהר א ווילקאמענער גאסט ביי די ליטעראטען נירענבערגער און בערמאן. ער איז זעהר באפריינדעט מיט דעם אויפריכטיגען און העלדישען ציוניסט לעא גאלאווסקי. ער באגעגענט זיך מיט דעם אלטען און אויך יונגער דאקטאר שטראובער און מיט די אייסלערס.

אין זיין צוזאמען לעבען מיט זיינע אידישע פריינד, איז ער געגען זיי אלס פאעט, אפט מאל זעהר בלייך ווייל זיי זיינען

## א. שניצלער

שארף, שניידענד און ער איז טרוימעריש און געמיטליך. זיי זיינען פאראדאקסאל, פול מיט ביטערקייט. זיי האסען, זיי זיי־נען באליידיגט. — אבער ער האט ניט אויף וועמען צו זיין שטארק באליידיגט, ער האט ניט וועמען צו האסען, און דארי־בער איז ער שטיל, רוהיג און געמיטליך.

און ווי עס טרעפט זעהר אפט מיט שרייבער, ביי וועמען גאט וויים פאר וואס, די הויפט פיגור, ארום וועלכען עס דרעהט זיך די גאנצע ערצעהלונג, קומט ארויס בלאס, אזוי האט אויך געטראפען מיט געארג׳ן אין שניצלער׳ס ראמאן „דער וועג אינס פרייע“.

און זאל עס אויך זיין דערפאר, וואס געארג אלס טרוימער און פאעט, האט ניט אין זיך יענע שארפע שטריכען און ציגע, וואס ברענגען שארף ארויס, אין א פאר געלונגענע ליניען דעם כאראקטער און פערזענליכקייט פון אזעלכע מענשען ווי נירענבערגער, בערמאן, לעא גאלאוסקי און דר. שטראובער, וואס געפינען זיך שטענדיג אין א אנגעשטרענגטער און אויפ־גערעגטער שטימונג. אדער אפשר דערפאר, ווייל שניצלער האט מיט געארג׳ן גאר באזאנדערס ניט געוואלט פארשטעלען און ער האט איהם נאר גענומען אלס צענטער, ארום וועלכען עס זאלען זיך קענען דרעהען די איבעריגע מענשען, די מעהר אינ־טערעסאנטערע.

דער רויטער פאדעם, וואס וועבט זיך דורכ׳ן ראמאן איז שוואך אנגעצייכענט. עס פעהלט אין איהם די אלע שטארקיי־טען און עפעקטען מיט דער שטייגענדער האנדלונג און קלי־מאקס. אין דעם ראמאן פארנעמט שניצלער א יאהר צייט לע־בען פון א געוויסען געזעלשאפטליכען ווינקעל, און גיט אונז פון דעם ארומגעצוימטען קרייז, א גענויעם באגריף פון זייער אויסער און אינערליכען לעבען. און וואס עס איז מעגליך, אז עס זאל קענען פארקומען אין א יאהר צייט ביי געוועהנליכע אומשטענדען, קומט אויך פאר אין דעם ראמאן „דער וועג אינס

פרייע". אין א יאהר צייט קען מען זיך פארליעבען און זיך פאנאנדערגעהן, און די געליעבטע קען דערצו נאך אויך א מוטער ווערען. אזוי האט דא אויך געטראפען: געארג פארבינדט זיך אלץ מעהר מיט אנא ראזנער, א סימפאטישע מיידעל מיט האלב בירגערליכע, האלב קינסטלערישע נייגונגען. זי האט א טויט געבארענעם קינד, — און צום סוף געהען זיי זיך פאנאנדער.

די מענשען וועלכע זיינען פארוויקעלט אין דעם דינעם געוועב פון דער ערצעהלונג האבען א געוויסען געמיינשאפטליכען אינטערעס, וועלכער קייטעלט זיי צוזאמען אין איין קייט. און שניצלער צייכענט זיי מיט א גוטער פארשטענדניס און באאבאכטונגס פעהיגקייט.

עס געלינגט אפט שניצלערען מיט א פאר שטריכען צו מאכען, אז די מענשען זאלען לעבעדיג ערשיינען פאר אונזערע אויגען. דער אלטער עהרענבערג טרעט ארויס אין דער ערצעהלונג א צוויי דריי מאל, און דאך איז ער פאר אונז ווי א לעבעדיגער און גוט באקאנטער מענש, מיט וועלכען מיר וואלטען זיך וועלען אלע מאל טרעפען.

עהרענבערג איז א פינאנסיער, ער פיהרט גרויסע געשעפטען, אבער אין דערזעלבער צייט איז ער פארבליבען דער זעלביגער גוטמוטיגער און אמת'ער איד. אבער שוין ניט אזוי איז זיין ווייב „מאדאם עהרענבערג", וועלכע האט ווי א שוואם אין זיך אריינגעצויגען די אלע פעהלערען פון דער אויפגעבלאזענער הויכער געזעלשאפט, דערצו נאך פארבלייבענדיג ביי איהר פלעבעאישער נאטור. אזוי זיינען אויך די קינדער עלזא און אסקאר. דער אלטער עהרענבערג פיהלט דעם פאלשען טאן אין זיין פאמיליע. ער קען עס ניט פארטראגען, ווייל ער איז פארבליבען דערזעלביגער איד, און אזא וואלט ער געוועזען, ווען ער וואלט אפילו געוועז א קרעמער אדער הויזירער: גוטמוטיג, איינפאך און נאטירליך, וועלכער האט פיינט מיט'ן גאנצען

## א. שניצלער

הארצען די פאמפעוואטע אנגעצויגענקייט פון דער אזוי נערוו־פענער הויכער געזעלשאפט, און וועלכער וואלט שטענדיג פאר־געצויגען צו פארברענגען צווישען אידען, עס מאכט ניט אויס רייכע צי ארימע, און זאגען און הערען א שארפען אידישען וויץ.

און ווי עס טרעפט אפט איןאזעלכע פעלע, איז זיין זוהן אסקאר פונקט דער היפוך פון איהם. ער איז א סנאב, קריכט אין דער הויכער קריסטליכער געזעלשאפט. שטעלט זיך פאר קיין זאך ניט אפ, און דערגעהט אזוי וויט, אז איינמאל ווען ער געהט פארביי א קירכע נעמט ער אראפ זיין הוט. אבער דא קומט אן דער אלטער עהרענבערג, וועלכער האט געזעהן וואס זיין זוהן האט געצויגען זיין הוט ווען ער איז פארבייגעגאנגען די קירכע, און נים לאנג טראכטענדיג געהט ער צו און דער־לאנגט זיין זוהן א פאטש גלייך אויפ'ן ארט, פאר אלעמען אין די אויגען. עס הייבט זיך אויף א סקאנדאל און אסקאר מאכט א פארזוך צו באגעהן זעלבסטמארד.

און אט איז דער שריפטשטעלער נירענבערגער, א מענש מיט א טיפען אנאליטישען שכל, וועלכער האט די אלע סענטימענטען שוין אין זיך שטארק פון לאנג אן איבערגעלעבט, און פאר איהם איז נאר געבליבען צו זיין בייסענד ציניש און סארקאסטיש, און אט איז דער ליטעראט בערמאן, א מענש, וואס שטעהט צווישען צוויי ווענט, וועלכע זיינען פאר איהם שווער דורכצוברעכען, און אט איז לעא גאלאווסקי, א הייסער איד און פארקאכטער ציוניסט, וועלכער ברענט מיט הייליגען צארן פאר יעדער זאך, וואס איז אידיש, און וועלכער איז אלע מאל באריים צו פארטיידיגען מיט'ן אייגענעם לעבען דעם אידישען כבוד. און עס טרעפט אויך, אז ער האט א געלעגענהייט דאס צו דערוויזען, ווייל דער אבער־לייטענאנט פארפאלגט איהם זעהר אלס איד, אין דער צייט ווען ער דיענט אלס פרייוויליגער, און נאכדעם ווען לעא

ווערט באפרייט פון דיענסט, רופט ער ארויס דעם לייטענאנט אויף א דועל און דער׳הרג׳עט איהם.

אין דעם קרייז דרעהט זיך געארג ארום: ביי זיך טיעף אין הארצען פיהלט ער, אז ער דרעהט זיך אייגענטליך ארום אין א פרעמדער וועלט. אין דערזעלבער וועלט באגעגענט ער דעם אלטען און יונגען דאקטאר שטראובער. דער אלטער איז א איד פון דעם אלטען שניט, מיט אלע גוטע מעלות פון דעם סימפאטישען תלמודישען טיפ, וועלכער האט דעם גאנצען לעבען אין זינען, אז ער איז א איד, דעריבער איז ער אין זיין ארומגאנג מיט קריסטען זעהר גוט און פארזיכטיג. ער איז אין גרונד א גוטער און ברייטער מענש, און פאר איהם איז ווירקליך ניטא קיין אונטערשייד צווישען קריסט און איד, און דאך איז ער אן אמת׳ער איד מיט אלע גוטע מעלות. דער יונגער דאקטאר שטראובער איז שוין אן אויפגערעגטער, נערוועזער מענש. און זיין שטענדיגע באשטעהן און אונטערשטרייכען שארף זיין אידישקייט ווארפט זיך אין די אויגען.

און געארג פיהלט אפט אין די טיפעניש פון זיין הארצען, אז די מענשען, צווישען וועלכע ער דרעהט זיך, זיינען איהם אייגענטליך פרעמד אבער פונדעסטוועגען ציהט איהם צו זיי. ער האט ליעב בערמאנען, און דאך פיהלט ער צו איהם צייטענווייס א ווידערגעפיהל. בערמאן רעדט צופיעל, כאטש ער רעדט אינטערעסאנט. בערמאן דערצעהלט פון אזעלכע זאכען, וואס מען האט גארניט געדארפט דערצעהלען. איהם פעהלט טאקט, אבער דאך ליגט אין אט דער צעווארפענקייט און נערוועזיטעט פיעל מעהר אינערליכער ריטם און באוועגונג איידער ביי יענע מענשען מיט די פיש־בלוט, מיט וועלכע זיין ברודער פעליצאן פארקעהרט. בערמאן דערצעהלט געארג׳ען זעהר פיעל וועגען זיין פערזענליכען לעבען, וואס מען דארף עס גאר ניט דערצעהלען. ער דערצעהלט איהם פון זיין ליעבע צו דער קריסטליכער אקטריסע. בערמאן ליידט דערביי און געארג קען ניט

## א. שניצלער

פארשטעהן אט דעם ווידערשפרוך אין בערמאנען, אזוי ווי עס איז איהם ניט באגרייפליך יענע אונלאגישקייט, פאר וואס לעא גאלאווסקי, א הויכער און שעהנער מיט אן אויסזעהן פון א גריכישען גאט, איז אן אמת'ער איד און ציוניסט, און בערמאן, א טיפישער איד, נאכלעסיג און אביסעל איינגעבויגען, איז גע־גען אידישקייט.

געארג זאגט איינמאל צו בערמאנען:

—„ווייסט איהר, וואס איך געפין אייך? אז איהר זייט אן ערגערער אנטיסעמיט, איידער דאס מעהרסטע פון די קריסטען, וועלכע איך קען".

—„גלויבט איהר אזוי? — האט ער זיך צולאכט. — קיין ריכטיגער אנטיסעמיט בין איך דאך ניט. אן אמת'ער אנטיסעמיט איז יענער, וועלכער איז אין גרונד גענומען אין כעס אויף די אידען פאר זייערע גוטע זיטען און ער טוט אלץ, וואס איז נאר מעגליך צו ענטוויקלען אין זיי די שלעכטע. אבער אין א געוויסען זין האט איהר רעכט. איך ערלויב זיך אבער אויך צו זיין אן אנטי־אריער. יעדע ראסע אלס אזעלכע, איז פון דער נאטור עקעלהאפט. נאר דער איינצעלנער איז צייטענוויים אין שטאנד צו פארגלע־טען די העסליכקייט פון זיין ראסע דורך זיינע פערזענליכע אייגענשאפטען. אבער אז איך באזונדערס בין עמפינדליך צו די פעהלערען פון די אידען, דאס הויב איך גאר ניט אן צו לייקענען, ווארשיינליך איז דאס דערפאר, ווייל איך, מיר אלע, איך מיין מיר, אידען, זיינען סיסטעמאטיש ערצויגען געווארען צו דער עמפינדליכקייט"...

בערמאן איז א ווידערשפרוך אן און אין זיך. ער טראגט אין זיין בלוט א ווידערווילען געגען דעם פאלק פון וועלכען ער שטאמט, אבער אין דער זעלבער צייט איז ער מיט זיין פסיכא־לאגיע און הארץ אויפגעבונדען מיט די שטארקסטע פעדעם אט מיט דעם דאזיגען פאלק. און אויב עס איז א וועהטאג צו

# א. שניצלער

זיין א איד, איז דאך אבער אויך דא א געטליכער פארגעניגען אין דעם, וואס מען קען אזוי פיעל האסען, אי זיך אי די פרעמדע.

בערמאן איז אויך א ליידענדער מענש. זיין ליעבע מיט דער קריסטליכער אקטריסע איז א מאדנע, עפעס אזא ליעבע וועלכע שמעקט מיט קרענקליכקייט. בערמאן וויים און פיהלט, אז זיין געליעבטע איז איהם ניט טריי, ווייל זי איז פון דעם לייכטען טיפ אקטריסעס, וואס מען קען זיי נעמען אויף סאפער נאך דער פארשטעלונג, אבער דאך פיהלט ער צו איהר אזא מאדנעם געפיהל און פארפליכטונג. בערמאן איז אויף איהר ניט אויפערזיכטיג, ווייל עס קען גאנץ מעגליך זיין, אז ער ליעבט איהר גאר ניט. ער איז אין דעם אליין ניט קלאר. און גיכער פון אלץ וויים בערמאן, אז ער איז אין איהר ניט פארליעבט, אבער ביי איהם, דאכט זיך, ווערט אבער דאס פארוואנדעלט אין א זעלבסטנארעריי, אין א אילוזיע. עס איז איהם אנגענעם צו פיהלען דעם אייגענעם זיין און עס איז איהם ליעב צו פיה־לען דעם באוואוסטזיין, אז ער איז פארוויקעלט אין א ליעבעם געשיכטע.

און דער וועג צו פרייהייט, גלויבט בערמאן, איז דורך דעם אייגענעם הארצען, און יעדער קען זיך פיהלען באפרייט אויף זיין אייגענעם שטייגער.

בערמאן, וועלכער האט ניט געקענט דורכשלאגען די וואנט, וואס האט איהם פארשטעלט צו אסימילאציאן, וויל דורכברע־כען די צווייטע וועג. און אין איין ארט רעדט ער אויפגערעגט צו געארג'ן:

„אסימילאציאן... דאס איז נאר א ווארט... יע, ווען עס איז וועט זי ווערען מעגליך... אבער נאך א לאנגער, לאנגער צייט. זי וועט ניט זיין אזוי ווי אייניגע ווילען, און ניט אזוי ווי אנדערע האבען מורא... דאס וועט אפילו גאר קיין אסימילאציאן ניט זיין... נאר עפעס אנדערש, וואס איז אזוי צו זאגען, די נשמה פון דעם ווארט. ווייסט איהר,

# א. שניצלעה

**וואס עס וועט** ווארשיינליך מיט דער צייט קלאר ווערן? אז מיר, — מיר, אידען, זאג איך, — זיינען ביז א געוויסען גראד געווען א פערמענט פאר דער מענשהייט. יע, דאס וועט אפשר קלאר ווערן אין טויזענט אדער אין צוויי טויזענט יאהר ארום. איז דאס נאך אייער מיינונג א טרייסט?”

ער האט זיך ווידער פאנאנדערגעלאכט.

— ווער ווייס, — האט געארג געזאגט פארקלערט. — פיליכט וועט ער אויך זיין דער גערעכטער אין טויזענט יאהר ארום. און ביז דאן?...

— ביז דאן, ליעבער געארג, בלייבט דאס פראבלעם אונלעזבאר. אין אונזער צייט דאס צו לעזען איז אונמעגליך, אין דעם בין איך פעסט איבערציינט. עס איז יעדענפאלס ניטא קיין אלגעמיינע לעזונג. עס זיינען גיכער מעגליך הונדערט טויזענד פארשידענע לעזונגען, ווייל יעדערער דארף דאס לעזען פאר זיך, ווי ער קען. יעדערער מוז פאר זיך געווינען אן אויסוועג פאר זיין באליידיגונג, פארצוויפלונג אדער עקעל, אום צו קענען פריי אפאטעמען. פיליכט זיינען פאראן אזעלכע, וואס מוזען פאר דעם צוועק דורכשפאצירען אין ירושלים... איך האב נאר מורא, אז דערגרייכענדיג דעם ניט ריכטיגען ציעל, וועלען זיך אסך ארומזעהן, אז זיי האבען זיך גענארט, — ניט אנגעקומען וואוהין מען האט באדארפט. איך גלויב אין אלגעמיין ניט, אז אין א מענגע קען מען געהן דורך פרייהייט... די וועגען אהין פיהרען ניט איבער דער ערד, נאר דורך אונז אליין. יעדער באזונדער מוז דורכגעהן זיין אינערליכען וועג. פאר דעם, פארשטעהט זיך, מוז מען וואס קלארער אריינקוקען אין זיך אליין און באלייכטען די פארבארגענסטע ווינקלען אין זיך. מען דארף האבען דעם מוט צו זיין, וואס מען איז. נאר ניט אראפגעהן פון אייגענעם וועג. אט וואס האט געדארפט זיין דאס אלטעגליכע געבעט פון יעדען אנשטענדי־

# א. שניצלער

גען מענשען: ניט אראפּגעהן פון וועג."

בערמאן איז אן עכטער איד, כאָטש ער אליין וואָלט וועלען פון זיך אנטלויפען. ער איז א נערוועזער מענש, דורכגעגעבערט און אויפגעגעסען פון צווייפעל און יאוש. ער איז פארביטערט. און קען מיט זיך קיין פריעדען ניט שליסען. און ווען עס פאלט אן אויף איהם דער בייזער גייסט, האלט ער אלץ אין איין פאר־ניכטען, און לויט נאך בערמאנען, ווען ער איז שלעכט געשטימט קומט אוים אז —

„יעדער פילאָזאָפישע און מאראלע סיסטעם איז נור א ווארט־שפּיעל. דאס הייסט, אן אנטלויפען פון דער לעבע־דיגער פולקייט פון ערשיינונגען צו דער מאריאנעטענאר־טיגער פארגליווערטקייט פון קאטעגאריען. אבער גראד דאס דארפען די מענשען האבען, פון דאנען נעמען זיך אלע פילאָזאָפיען, רעליגיאָנען, געזעצען פון מאראל. דאס איז אלץ אן אנטלויפען, אונאויפהערליך, אייביג"...

שניצלער האט אין דעם ראמאן געוויזען, אז ער קען זיך באציהען ערנסט צו אלע ערשיינונגען פון אונזער לעבען. און אז נאך אלעמען איז אלץ ניט אזוי איינפאך, ווי עס ווייזט זיך אפּט מאל אוים. דער גאנצער ראמאן איז איינגעוויקעלט אין א פּאָעטיש ריין לירישען הויך. פון אלץ אטעמט אן איי־דעלע מעלאנכאליע און טרויער.